קאַרל עוואַלד.

ד״ר י. א. מעריסאן

# די ערד און די קאמעטע

איבערגעזעצט פון ז. גראָסמאַן.

פ א ר ל א ג

„קולטור־ליגע"

ב י א ל י ס ט א ק.

№ 23

1921.

# די ערד און די קאמעטע.

דאָרטן, אין דעם וועלט־רוים האָט זיך די ערד געדרייט אַרום דער זון, אַזוי ווי זי האָט עס געטאָן מיט אַ סך טויזנטער יאָרן צוריק און זי טוט עס נאָך ביז הײַנטיקן טאָג.

זי איז געלאָפן אַרום דער זון מיט אַ מוראדי־קער גיכקײַט און ס'איז נאָר געווען אַ וואונדער, ווי אַזוי האָט זיך עס איר דער קאָפּ ניט פאַרדרייט...

נאָר די ערד איז שוין געווינט צו אַזאַ שפּאַציר אַרום דער זון. דער שפּאַציר האָט געוויינלאַך געדויערט אַ יאָר צײַט און ווי נאָר זי האָט פאַרענדיקט איין אומדרייאונג, האָט זי גלײַך אָנגעהויבן די צווייטע.

חוצדעם האָט זי די גאַנצע צײַט זיך געדרייט אַרום זיך אַליין, פּונקט ווי אַ הינטל, וואָס יאָגט זיך נאָך זײַן עק. נאָר דאָס האָט בײַ איר פאַרנומען סך הכּל פיר און צוואַנציק שעה. זי האָט עס געטאָן צוליב

דעם, כדי אַלע אירע טײלן זאָלן רעגלמעסיק באַלויכטן ווערן פון דער זון: אויף דער זײט פון דער ערד, וועלכע איז געווען ניט באַלויכטן פון דער זון האָט געהערשט די טונקעלע נאַכט. און אויב די ערד וואָלט שטענדיק געווען אומגעקערט צו דער זון מיט דער זײט, וואו ס׳זײנען געלעגן אײראָפּע, אַזיע און אַפריקע, וואָלטן די מענטשן פון אַמעריקע געווען פאַרזונקען אין זיסע אָבער אײביקע חלומות...

אַזוי ווי איר זעט, האָט די ערד געהאַט אַ שײן ביסל קאַפּדרײעניש. טאָמער איז איר נאָך געווען ווײניק, האָט זי געהאַט אַ צוגאָב צו די צרות — זי האָט געמוזט אַכטונג געבן אויף דער לבנה.

אײגנטלאַך, וואָלט די לבנה אויסגעצײכנט אַלײן געקענט זאָרגן פאַר זיך, ווארום, באמת, האָט זי דען געהאַט אַן אַנדער אַרבעט ווי זיך דרײען אַרום דער ערד און אַרום זיך?

נאָר די לבנה איז געווען אַ סך קלענער פון דער ערד, דעריבער האָט די ערד זיך גענומען דאָס רעכט צו רײדן מיט דער לבנה מיט אַ באַפעלנדיקן טאָן, די לבנה האָט אָבער אין דער שטיל חוזק געמאַכט פון איר דערציערן.

און בכלל זיינען זייערע קעגנזייטיקע באַציאונגען געווען ניט גאָר קיין פריינדלאַכע, טיילוויז צוליב דעם, וואָס די ערד און די לבנה זיינען געווען זייער נאָענטע שכנים און די איבעריקע פּלאַנעטעס האָבן זיך געפונען אויף זייער אַ ווייטן מהלך פון זיי, און איר ווייסט דאָך, אַז אויב צוויי שכנים האַלטן כּסדר אין איין אָנקוקן זיך, ווערן זיי איינע די אַנדערע מיאוס, און דער נאָך הויבן זיי זיך אָן צו קריגן.

איין מאָל אין חודש, פּינקטלאַך ווי אַ זייגער, פלעגט די לבנה ווערן אַ פולע. איר קיילעכדיקער פּנים פלעגט זיך באַדעקן מיט אַ ברייטן שמייכל. דער דאָזיקער שמייכל פלעגט דער ערד אַריינברייגגען אין אַזאַ ברענענדיקן גרימצאָרן, אַז זי פלעגט שיר פון די כלים ניט אַרויסגיין.

— קוקט איר נאָר אָן, דער שיינער נאָכשלעפּערקע, ווי זי האָט זיך עס אַזוי צעלויכטן! זי מוז מיינען אַז זי איז אַן אמתדיקער שטערן.

די לבנה האָט געשמייכלט. נאָר דאָס האָט ניט לאַנג געדויערט. וואָס אַ נאַכט ווייטער, פלעגט איר צורה ווערן אַלץ אויסגעצויגענער. לסוף פלעגט זי אינגאַנצן פאַרשווינדן. אינגיכן פלעגט זי זיך אָבער

ווידער באַוויזן, פלעגט אַלץ גרעסער ווערן און ווייטער פאַרשווינדן.

— דו ווייסט מיך פאָלגן? האָט געפרעגט די ערד.

— נו יאָ יאָ, האָט די לבנה געענטפערט.

— דו קענסט דאָך, מסתמא, ציילן, טאָ געדיינק זשע, אַז אין דער צייט, וואָס איך וועל מאַכן איין מאָל מיין רייזע אַרום דער זון, וועסטו מוזן 13 מאָל זיך אַרומדרייען אַרום מיר.

טאָמער וועסט דאָס, חס וחלילה, פאַרגעסן, וועט אַרויסקומען אַ גאַנצער פלאָנטער אין לוח...

— איך האָב שוין טויזנטער מאָל געמאכט די זעלביקע נסיעה און איך ווייס אויסגעצייכנט, וואָס איך האָב צו טאָן, דו מיאוסע, אַלטע פלאַנעטע! האָט געענטפערט די לבנה. אין דעם טאָג איז די לבנה גראַדע געווען פול, און צו דער צייט פלעגט זי געווינלאַך אַרויסריידן אַלץ, וואָס ס׳האָט זיך איר געוויקלט אויפן האַרצן.

חוצדעם פלעגט זי דער ערד אָפטאָן פאַרשיידענע שפיצלאַך, למשל: זי פלעגט אַריבערציען דאָס וואַסער פון איין זייט ערד אויף דער צווייטער. דאַן פלעגט

אויף איין זייט פון דער ערד אָנקומען דער צופּלוס און אויף דער צווייטער — דער אָפּפּלוס. דער פּועל יוצא דער פון איז געווען — אין איין אָרט פלעגן פּאָרקומען מוראדיקע פּאַרפלייצונגען, וואָס האָבן גע־בראַכט די גרעסטע אומגליקן אויף די מענטשן און חיות, און אויף דער צווייטער זייט פלעגן די שיפן זיך זעצן מיטן דעק אויפן זאַמד. די אויסגעליטענע, אומגליקלאַכע מענטשן פלעגן שרייען, אַז אויף דער זינדיקער ערד איז שוין אוממיגלאַך צו לעבן.

זעלבסטפאַרשטענדלאַך, אַז די ערד, וואָס איז באמת געווען אומשולדיק ווי אַ קינד, פלעגט זיך דער־פון זייער מצער זיין און פלעגט זיך נאָך מער בייזערן אויף דער לבנה.

— זי האָט זיך שוין פונאַנדערגעלאָזן, די פאַרשוין!...

— כ׳וואָלט וועלן וויסן, וואָס טראַכט זי זיך, ארומלויפנדיק אַ הער און אַ הין אַזוי ווי אַ מויז אין פּאַסטקע...

אַזוי פלעגן זיי זיך שטענדיק רייסן פאַר די בעזער.

אַביסל ווייטער פון זיי האָבן זיך אין דעם

אנסופיקן וועלט-רוים געטראָגן אַנדערע פּלאַנעטעס, יעדערע אַרײַנגעטאָן אין איר אַרבעט. און דער צענטער, אַרום וועלכן זיי האָבן זיך אַלע באַוועגט, איז געווען די זון, וואָס פּלעגט מיט אירע בלענדיק-ליכטיקע שטראַלן באַלײַכטן זייער וועג.

אין איינעם שיינעם פרימאָרגן, אין אָנהייב חודש מערץ, האָט זיך אין הימל-רוים באַוויזן א נייער, ביז איצט אומבאַקאַנטער שטערן. ניט די ערד, ניט די לבנה האָבן אים נאָך קיינמאָל ניט געזען, דעריבער זיינען זיי זייער פאַרוואונדערט געוואָרן און האָבן געקוקט אויפן גאַסט מיט ברייט פונאַנדערגעעפנטע אויגן. און ס׳איז טאַקע באמת געווען וואָס צו זען!

דאָס איז געווען אַ שטערן, אינגאַנצן ניט ענלאַך צו די איבעריקע מיט אַ לאַנגן לײַכטנדיקן עק.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ משונהדיקער נפש? האָט געפרעגט די ערד.

— איך האָב קיין השגה ניט, האָט געענטפערט די לבנה.

ביידע זיינען זיי געווען אַזוי איבעראַשט, אַז זיי האָבן ניט געקענט אַרויסריידן קיין וואָרט. און דער גאַסט האָט זיך אַלץ דערנעענטערט. די ערד האָט זיך

דערשראָקן, זי האָט זיך געריכט: אָט־אָט לויפט אַרויף אויף איר דער אומבאַקאַנטער גאַסט. ווען דער שטערן האָט זיך דערנעענטערט צו דער ערד אויף אַזויפיל, אַז מ'האָט געקענט צו אים ריידן, האָט די ערד אויסגעשריען:

— היי, דו! וואָס טוסטו דאָ אין מיינע מקומות? ווער ביסטו? פון וואַנען האָסטו זיך גענומען? וואוהין לויפסטו?

— דו פרעגסט אַזוי פיל שאלות פאַר א מאָל, אַז איך קען דיר גאָרניט ענטפערן.

— ווער ביסטו? האָט די ערד איבערגעחזרט איר פראַגע.

— ניט מער און ניט ווייניקער ווי אַ קליינע קאָמעטע, נו, און ווער ביסטו?

— איך בין די ערד! איך מיין, אַז דו ווייסט שוין, מיט וועמען דו רעדסט.

— איך בין זיך מודה ומתוודה, אַז דיין נאָמען זאָגט מיר זייער ווינציק, האָט די קאָמעטע געענטפערט. די קאַנטן זיינען מיר לחלוטין אומבאַוואוסט, איך בין דאָ קיינמאָל ניט געווען און איך האָב נאָך ניט געהאַט די געלעגנהייט זיך צו באַקאַנען מיט די היגע

פלאַנעטעס.

— דו האָסט זייער גוט געטאָן, וואָס דו ביסט געקומען אהער, איך האָב ניט ליב זיך צו באַרימען, נאָר איך מוז דיר זאָגן, אַז איך בין די באַגאַבטסטע פון אַלע פלאַנעטעס.

— אויב אַזוי, איז מיר מיין רייזע געלונגען, נאָר דערציי׳ל גיכער, וואָס דו ווייסט, ווייל איך האָב זייער קיין צייט ניט.

— יאָ, מיר וועלן לויפן זייער שנעל, — האָט געזאָגט די ערד מיט אַ פריינדלאַכן טאָן: — מיר וועלן צוזאַמען שפּאַצירן. דו וועסט מיך באַגלייטן אין מיין רייזע אַרום דער זון... אין משך פון אַ יאָר צייט וועלן מיר באַווייזן זיך דורכצושמועסן.

— אָ האָ! האָט מיט אַן אָפּלאַכנדיקן שמייכל אויסגערופן די קאָמעטע — און דאָס רופסטו אָן גיך לויפן! איך לויף אַ שיין ביסל שנעלער... נו, איי׳ל זיך צו און דערציי׳ל מיר עפּעס.

— נאָר זאָג מיר צו, אַז דו וועסט ניט אָנלויפן אויף מיר, האָט געזאָגט די ערד.

די קאָמעטע האָט זיך אַזוי הויך און האַסטיק פונאַנדערגעלאַכט, אַז איר עק האָט זיך צעשפּאָלטן

## רבּים

### אויף צווייען.

— שרעק זיך ניט — האָט זי געזאָגט — איך בין צו וויַיך, אַז דו זאָלסט זיך דאַרפן שרעקן פאַר אַ צוזאַמענשטויס מיט מיר, אויב איך וועל זיך נאָר אָנ־רירן מיט אַזאַ קלאָץ, ווי דו, וועל איך צעפּליעז אין טויזנטער טיַילן.

— אַהאַ! האָט מיט קנאה אַ טראַכט געטאָן די ערד. — דו באַשטיַיסט אינגאַנצן פון אַ פיַיערדיקער מאַסע. איך בין אויך אַמאָל געווען אין אַזאַ צושטאַנד.

— דאָס איז, פאַרשטיַיט זיך, געווען שוין זייער לאַנג — האָט די קאָמעטע אַרויסגערעדט מיט אומ־צוטרוי — מיר דאַכט זיך, אַז דו האָסט אויפן פּאָל אַ גרויסע איַיז־היטל.

— גאַנץ ריכטיק, איך האָב אויף מיַינע ביַידע פּאָלן איַיז־היטלען. נאָר איך מיין, אַז אויב אין קאָפּ און די פיס איז קאַלט, איז נאָך ניט קיין גרויסער אומגליק, אַבי אין קערפּער איז וואַרים.

— וואו זשע איז דיַין פיַיער? האָט געפרעגט די קאָמעטע.

— דאָס פיַיער באַהאַלט איך אין זיך, אויב דו ווילסט, קאָנסטו זיך אין דעם איבערציַיגן.

און נים לאַנג טראַכטנדיק, האָט די ערד אָנגע־
הויבן אַרויסצוואַרפן אַ ריזיקן פלאַם פון אירע גרע־
סטע פײַערשפּײַענדיקע בערג.

— יאָ, דאָ איז באמת דאָ אַ פונק פײַער, האָט
די קאָמעטע מיט איבערצײַגונג געזאָגט.

— „אַ פונק פײַער", האָט איר די ערד באַלײַ־
דיקט איבערגעשלאָגן — מײַן גאַנצער קערפּער איז פול
מיט פײַער, אויב דו ווילסט וויסן. און דאָס גופא
מאַכט מיך טאַקע זייער אינטערעסאַנט. פאַרשטייסטו
מיך, אַמאָל בין איך אויך געווען אַזאַ מין לײַכטזיני־
קע און פרײלאַכע פאַרשוין ווי דו — אינגאַנצן אַ
פײַערדיקע! נאָר דערנאָך האָב איך זיך אײַנגעשרומפּן
און בין פאַרהאַרטעוועט געוואָרן. צום סוף האָט זיך
מײַן קערפּער באַדעקט מיט אַ דיקער הויט, וואָס פאַר־
דעקט מײַן אינעווייניקסטן פײַערדיקן צושטאַנד. און
הײַנט צינד איך אַמאָל אָן אַ פרײלאַך פײַערל און איך
לאָז עס אַרויס דורך מײַנע פײַערשפּײַענדיקע בערג.

— נאָר שלעפן אויף זיך אַזאַ דיקע הויט דאַרף
מסתמא זײַן געוויס שווער, האָט געזאָגט די קאָמעטע.

— יאָ, דאָס איז אמת, אָבער מיט דער צײַט
האָב איך זיך צוגעוווינט צו איר, איצט וואוינען אויף

מײַן הויט מענטשן.

— „מענטשן"? האָט איר די קאָמעטע איבערגע־שלאָגן די רייד, — וואָס איז דאָס פאַר אַ מין זאַך?

די ערד האָט אין פאַרלעגנהייט זיך אַ קראַץ געטאָן אין איר צפונדיקן פּאָל.

צװײ מעכטיקע אײַז־בערג האָבן זיך אַ טרייסל געטאָן און זײַנען אַרײַנגעפאַלן אין צפונדיקן אָקעאַן.

— המ... — דאָס איז אײגנטלאַך אַזאַ מין אינזעקטן.

— פע! האָט אויסגעשריען די קאָמעטע.

די ערד איז אויף אַן אויגנבליק אַנטשוויגן געוואָרן און האָט זיך פאַרקלערט, דערנאָך האָט זי צוגעגעבן:

— וואָלסטו וויסן, שוועסטערל, ווי זיי גראָבן זיך און קריכן איבער מײַן הויט, איך זאָג דיר, אַז מ׳קען פשוט פון זינען אַראָפּגיין. און וואָס ווײַטער ווערט אַלץ ערגער. זיי האָבן מיר שוין דורכגעפּאַסע־װעט אין דער לײַנג און אין דער ברייט, אַרויסנעמענ־דיק אין דער טיפעניש פון מײַן הויט שטײנקוילן, מעטאַלן און אַלץ, וואָס זיי קאָן צונויף קומען. זיי האָבן מיך באַדעקט מיט אַ גאַנצער נעץ פון אײַזנבאַנען, אין

וועלכע זיי פארן ארום איבער מיר מיט דער הילף פון דאמף. זיי האבן דורכגעלעכערט מיין מעכטיקן רוקן, האבן איבערגעוואָרפן בריקן איבער מיינע שטראָמען־דיקע טייכן און קוואלן. נאָכמער, זיי האבן נאָך די העזה צו זאָגן, אז זיי זיינען די באלעבאטים און הער־שער איבער מיר!

— איך וועל דיר זאָגן דעם רעכטן אמת, אז ס'איז ניט קיין גרויסער כבוד פאר א פלאנעטע צו האבן אויף זיך אזעלכע נישטיקע ווערימלאך און ער־לויבן זיי צו טאָן וואס זיי ווען זיך פארגלוסטן. צו דען קאָנסטו ניט אראָפטרייסלען פון זיך אָט די בריות.

— איך האב שוין געפרובט דאס צו טאָן, האָט געענטפערט די ערד — און ניט איין מאָל. איך האב שוין אויסגעפרובירט פארשיידענע מיטלען. איך האב דורך מיינע פייערשפייענדיקע בערג ארויסגעוואָרפן גאנצע שטראָמען פייער און צעשמאָלצענע שטיינער באגראָבנדיק אונטער זיי צענדליקער שטעט, וואס די מענטשלאך האבן אויסגעבויט. איך האב אָנגעשיקט אויף זיי שטורימדיקע כוואליעס, וועלכע האבן זיי פארשלונגען אין די טויזנטער. און אז מיר ווערט מיאוס זייער קליינלאכע קריכעניש איבער מיין הויט, גיב איך

זיך לײַכט אַ טרײסט און ס׳קומט פאַר דאָס, וואָס זײ רופן אָן „ערדציטערניש“.

— נו, און די מיטלען האָבן גאָרניט געהאָלפן?

— טײלװײַז העלפט דאָס, נאָר נישט אויף לאַנג.

מיר דוכט זיך, אַז זײ האָבן זיך שוין זײער אַ סך אָנגעקליבן. װעגן זײער פולשטענדיקער פאַרניכטונג האָב איך געדאַרפט זאָרגן פריער, װען זײ זײַנען נאָך געװען זײער װײניק און נאָך קײן שכל ניט געהאַט. װען איך פאַרטרײַב אָדער פאַרשיט עטלאַכע טויזנט זײערע און איך טרײסט זיך מ׳דערמיט, װאָס זײערע פאַמיליעס װעלן אומקומען פון הונגער און צער, דער־װײסן זיך גלײַך װעגן דער געשעעניש אַנדערע מענטשן און זײ טרײסטן און קומען צו הילף זײערע מיטברי־דער. אין עטלאַכע יאָר אַרום איז לחלוטין ניט קענטיק, אַז ס׳איז געשען עפּעס אַן אומגליק.

— צײַט איך לעב האָב איך אַזעלכעס ניט געהערט. איך קען בשום אופן ניט פאַרשטײן, פון װאַנען נעמט זיך צו דיר אַזאַ געדולד.

— יאָ... אָבער װאָס קען איך העלפן? איך בין שוין ניט בכוח צו פּטור װערן פון זײ. זײ האָבן מיך אויסגעפּאָרשט פון פּאָל ביז פּאָל און מיר דוכט זיך,

אַז אויף מײַן אויבערפֿלאַך איז שוין ניטאָ קײַן פּיצל, וועלכע איך זאָל באמת קענען זאָגן אַז עס איז מײַנס. זיי האָבן מיך אויסגעמאָסטן פֿון אַלע זײַטן, האָבן פֿאַרשריבן מײַנע קלענסטע טיילכעלאַך. אַנדערע פֿון זיי שטעלן אויף זייערע טישן אַזאַ קויק, וואָס שטעלט פֿאָר מײַן געשטאַלט אין אַ קלײנער פֿאָרמע. אָט אויף דעם קויק פֿאָרשן זיי אויס מײַן גאַנצע אויבערפֿלאַך. זיי זײַנען אַפֿילו ביכולת פֿאָראויסצוזאָגן ווען וועט זײַן אַ שטורים, אַ געוויטער, אַ ערדציטערניש א. א. וו. אויף זייערע וועבט הײנגען אַזעלכע צאַצקעס, דורך וועלכע זיי דערוויסן זיך דאָס אַלץ. וואָס קען איך מיט זיי טאָן?

— דאָס ווייס איך ניט, האָט געזאָגט די קאָמעטע — אָבער איינס איז פֿאַר מיר קלאָר, אַז איך וואָלט בשום אופן נישט דערלויבט אויפֿצוטאָן מיט מיר אַזעלכע נידעריקע מעשים.

די ערד האָט גיפּטיק אַ שמייכל געטאָן.

— וואַרט נאָר, נעם זיך אַזוי נישט איבער! אין דער זעלביקער צײַט וואָס מיר פּלוידערן דאָ צוזאַמען, האָבן דיך שוין די מענטשן אַנטדעקט. זיי באַטראַכטן דיך שוין דורך זייערע טעלעסקאָפּן, זיי רופֿן דיך שוין אָן מיט אַ נאָמען און שרײַבן וועגן דיר גאַנצע ביכער,

דאָס טועָן, פאַרשטייט זיך, די קליגסטע און די געביל־דעטסטע פון זיי. די נאַרישע און די אומגעבילדעטע שרעקן זיך פאַר דיר און מיינען, אַז דו ביסט געקומען חרוב מאַכן זייער גאַנץ וועלטל.

— ווער זיינען דאָס אָט די נאַרישע מענטשן? האָט געפרעגט די קאָמעטע.

דאָ האָט די ערד אַזאַ טרייסל געטאָן מיט איר צפונדיקער אייז־היטל, אַז אַ האַלבער אָקעאַן איז פול געוואָרן מיט אייז בערג.

— איך וועל דיך בעטן מער נישט פונאַנדער פרעגן מיך.

— איך אַנטשולדיק זיך זייער, — האָט די קאָ־מעטע זיך פאַרכאַפּט — אפשר איז דאָס איינער פון דיינע פערזענלאַכע סודות...

— ניין, דורכאויס ניט, נאָר איך וועל דיר זאָגן דעם ריינעם אמת, אַז ביז היינטיקן טאָג איז מיר נאָך ניט געלונגען פעסטצושטעלן, ווער זיינען דאָס אָט די נאַרישע מענטשן. אַז זיי זיינען דאָ — אין דעם בין איך זיכער. און טאַקע אין אַ גרויסער צאָל זיינען זיי פאַראַן. נאָר ס'איז זייער שווער זיך פונאַנדערצוקלייבן, ווייל יעדער פון זיי האַלט זיך פאַר אַ חכם און מיינט,

אַז די איבעריקע זײַנען נאַראָנים.

— נו, אויב אַזוי, זײַנען זײ אַלע טפשים, האָט די קאָמעטע אַרויסגעזאָגט איר השערה.

די ערד האָט זיך באַלײדיקט פאַר אירע מענטשן. זי האָט אָנגעהויבן צו טראַכטן, אַז זי איז שוין צו אָפּנהאַרציק געווען מיט דער אומבאַקאַנטער פּאַרשוין, וועגן וועלכער זי האָט פריער קײַן שום פאָרשטעלונג ניט געהאַט און וואָס האָט אויסגעוויזן ווי א ליכטזיניקע און העזהדיקע. זי האָט געמאַכט אַן ערנסטן פּנים און געזאָגט:

— האָסט אַ גרויסן טעות, מײַן ליבע קאָמעטע. ס'איז דורכאויס ניט אַזוי. נאָר... ס'האָט איך מײן, אַז ס'האָט קײַן זינען ניט צו רײדן וועגן אַזעלכע זאַכן, וועגן וועלכע דו האָסט קײַן באַגריף ניט. איך האָב ניט ליב זיך צו באַרימען. נאָר איך בעט דיר נעמען אין אַכט, אַז איך בין די אינטערעסאַנטסטע פּלאַנעטע פון די אַלע וועלכע געפינען זיך אין וועלט-רוים. אָט גיב אַ קוק אויף ווענערא, אויף יופּיטער און מאַרס, ווײס איך ווי זײ הײסן דאָרטן. מיט אײן וואָרט, אויף אַלע פּלאַנעטעס, וועלכע באַוועגן זיך, ווי איך אַרום דער זון. גיב אַ קוק אויף מיר! באַטראַכט-נאָר מײַנע

טיפע ימים, מײַנע גערײכטע װעלדער, מײַנע פּאַלמען;

— אָפּנהאַרציק גערעדט, הױב איך ניט אָן צו זען דאָס אַלץ, װאָס דו האָסט נאָר װאָס אױסגערעכנט. נאָר ס'קען זײַן אַז דאָס איז אַן אמת. מיר איז זײער שװער צו באַטראַכטן דײַן אױבערפלאַך, װײַל דו ביסט אַרומגערינגלט מיט אַ געדיכטן װאָלקן.

— אַך, יאָ! האָט אױסגעשריען די ערד. מיר איז דאָס גאָר פון זינען אַרױס. דאָס איז מײַן אַטמאָ־ספערע.

— זײער אַ שאָד! מיר איז אַ ביטערער רחמנות אױף דיר. האָסט אױף זיך אַזױ פיל אָנשיקענישן: די הױט, די מענטשן און די אַטמאָספערע.

— קאָמעטע! האָט די ערד אַרױסגערעדט שטרײַנג. — אמת, אַז איך צוזאַמען מיט די פריער אױסגערעכנטע פּלאַנעטעס באַװעגן זיך אַרום דער זון. אמת איז אױך, אַז איך בין ניט די גרעסטע פון די פּלאַנעטעס, אָבער איך בין טיף איבערצײַגט, אַז איך בין דער צענטער פון דער װעלט.

— ביסט שױן גאָר פון זינען אַראָפּ, האָט גע־זאָגט די קאָמעטע — און דו זאָגסט נאָך, אַז דו האָסט ניט ליב זיך צו באַרימען. זעץ זיך צו אַביסל און...

באַרים זיך חײַטער.

—זיך צוזעצן! האָט אויסגעשריען די ערד. — אויב איך וואָלט דאָס געטאָן וואָלט איך מאָמענטאַל צונישט געוואָרן. אָבער וואָס איז מיט דיר? עפּעס דערווײַטערסטו זיך פון מיר, האַ?

— ריכטיק.

— ליבע חברטע, האָט טרויעריק געזאָגט די ערד,

— צו דען קאָנסטו ניט זײַן מיט מיר נאָך א צוויי דרײַ יאָר? מיר איז אַזוי אַנגענעם צו שמועסן מיט דיר! גלויב מיר, ס׳איז שוין נמאס ומאוס געוואָרן דאָס לעבן. אייביק זיך דרייען אַרום דעם זעלביקן אָרט, ס׳איז גיטאָ מיט וועמען א וואָרט אויסצורײדן, ניט רעכענענדיק אָט דער נאַרישער לבנה.

— ווער איז דאָס אָט די לבנה?

— נו, אָט דער נפש, וואָס דו זעסט אַנטקעגן אונז. די גאַנצע צײַט דרייט זי זיך אַרום מיר. דאָס איז א קליינע, אומגליקלאַכע פּלאַנעטע, וועלכע איך האָב געגומען אונטער מײַן שוץ, זעענדיק, אַז זי בלאָנדזשעט אַרום אַזאַ איינזאַמע אין דעם וועלט-רוים. דאָ איז בײַ אונז אַזוי אײַנגעפירט — האָבן אַרום זיך נאָכלויפער. די פּלאַנעטע יופּיטער האָט אַזעלכע אַכט

שטיק אַרום זיך.

— אַדיעָ, האָט איר די קאָמעָטעָ איבעָרגעָשלאָגן די רייד.

— בלייַב דאָ נאָך אויף אַ ווייַלעָ.

— איך קעָן ניט.

— ווען וועָסטו קומעָן אַהעָר נאָך אַמאָל?

די קאָמעָטעָ האָט אַ פּאָך געָטאָן מיט איר עָק און אַרויסגעָרעָדט:

— אין דרייַ הונדעָרט יאָר אַרום.

די קאָמעָטעָ איז געָוואָרן אַלץ קלעָנעָר, ביז זי איז אינגאַנצן פאַרשוואונדן געָוואָרן.

— ווי שנעָל זי איז אַוועָקגעָלאָפן!

— און סאַראַ פּראַכטפולן עָק זי האָט!

אין דרייַ הונדעָרט יאָר אַרום האָט זיך די קאָמעָטעָ ווידעָר באַוויזן.

די עָרד האָט איר שוין אָפּגעָוואַרט מיט דעָר גרעָסטעָר אומגעָדולד. זי האָט פּינקטלאַך געָציילט אירעָ אומדרייאונגעָן אַרום דעָר זון. לכבוד דעָם גאַסט האָט זיך די עָרד פאַרפּוצט מיט פּיאַלקעָס און אַנדעָרעָ בלומעָן.

אויף דעָר עָרד זייַנעָן שוין געָשטאַנעָן מעָנטשן

מיט זייערע טעלעסקאָפּן. זיי האָבן שוין פּינקטלאַך אויסגערעכנט די צייט, ווען דער שטערן וועט זיך באַווייזן אין הימל רוים. די קלוגע מענטשן האָבן געפּילט אַ גרויסע שמחה ווידער צו זען די שיינע נאַטור־דערשיינונג. די נאַראָנים זיינען געלעגן אין זייערע בעטן, ווייגענדיק און ציטערנדיק פאַר שרעק.

— דאָס איז די קאָמעטע! האָט אויסגעשריען אַ קלוגער מאַן. ער איז געווען באַרימט מיט זיינע גרויסע ידיעות אין וויסנשאַפט. איצט איז ער געשטאַנען אויף אַ הויכן טורים און האָט געקוקט אין דעם בעסטן טעלעסקאָפּ.

— אָט איז די קאָמעטע! האָט געשריען די לבנה.

— הוראַ! איך וועט דאָס זיין פריילאַך!

— אַ גאַסט! האָט פריילאַך אויסגעשריען די ערד.

ווען די קאָמעטע איז אָנגעקומען אַ גרויסע און אַ שיינענדיקע מיט אַ גרויסן דרייאיקן עק, האָט די ערד אָנגעשיקט אַ ווינט אויף אירע אייז־היטלען. ס'זיינען אָנגעשטאַנען אַזעלכע קעלטן, אַז די נאַרישע מענטשן זיינען געווען איבערצייגט אין דעם חורבן פון דער וועלט.

— זיי געגריסט, ליבער גאַסט, האָט מיט פרייד

אויסגעשריען די ערד — איך בין גליקלאך צו זען דיך א מונטערע און א שטראַלנדיקע.

די קאַמעטע האָט געשוויגן. די ערד האָט זיך נאָך אַמאָל באַגריסט מיט איר, נאָר זי האָט קיין שום ענטפער ניט באַקומען. זי האָט אַ פאַרוואונדערטע אויסגעשריען:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ צרה? וואָס איז געשען מיט דער קאַמעטע? זי איז שוין אַזוי גרויס געוואָרן ביי זיך, אַז איר פּאַסט שוין ניט צו גריסן זיך מיט אַן אַלטער באַקאַנטער?

— אפשר האָט זי איין גאָרניט באַמערקט, האָט זיך אָפּגערופן די לבנה — איר זייט דאָך אַזוי קליין...

— האַלט ס'מויל און טו דיין זאַך, האָט מיט צאָרן אויסגעשריען די ערד. זי האָט מיט די גאַנצע כוחות אויסגעשריען: — קאַמעטע! קאַמעטע!

נאָר די קאַמעטע האָט זיך רואיק געשוועבט אין אַנסופיקן רוים, ניט ענטפערנדיק קיין וואָרט. די ערד האָט זיך דערשראָקן. טאָמער וועט דער גאַסט פאַרבייליופן אַן אַ זיי געזונט.

זי האָט זיך שיר ניט פונאַנדערגעוויינט. דריי-הונדערט יאָר האָט זי געוואַרט אויף דער מיגלאַכקייט

זיך דורכצושמועסן, זי האָט זיך שוין פאָרגעשטעלט די -
גליקלאַכע מינוט פון דעם צונויפקומען און אָט גאַ דיר!
דאָס איז ניט קיין קלייניקייט!

— זיי מוחל, קאָמעטע, האָט די ערד אויסגע-
שריען מיט ווייטאָק און באַליידיקונג — צו דען וועסטו
פאַרביילויפן איבער מיר, זיך ניט גריסנדיק אפילו?
איך בין דאָך דיין אַלטע חברטע און באַקאַנטע — די
ערד! צו דען געדיינקסטו מיך ניט?

—דו ביסט שוין דורכגעפלויגן מיליאָנען מיילן, נו,
זאָג, האָסטו געטראָפן אַזאַ פלאַנעטע ווי איך?

— גאַ! האָט אַרויסגעשריען די קאָמעטע.

— סוף כל סוף האָב איך פאָרט דערהערט פון
דיר אַ קלאַנג. נו, רעד שוין, האָסטו דאָרטן אין דעם
וועלט רוים אָנגעטראָפן נאָך אַזאַ פלאַנעטע, וואָס פאַר-
מאָגט אַזעלכע גרויסאַרטיקע, טיפע ימים, אַזעלכע גע-
דיכטע, שאָטנדיקע וועלדער?

— כאַ, כאַ, כאַ! האָט די קאָמעטע הילכיק
געלאַכט.

— און מענטשן האָסטו אין ערגיץ געזען?

— כאַ, כאַ, כאַ, כאַ, כאַ!

די קאָמעטע האָט אַזוי שטורמיש געלאַכט, אַז

איר קאָפּ און איר עֶק האָבּן זיך געטרייסלט.

זי האָט אַזוי לאַנג געלאַכט, אַז זי האָט אָנגעוואָרן איין טייל פון איר דרייאיקן עֶק. די עֶרד האָט זיך זייער דערשראָקן און די מענטשן וואָס האָבּן דורך זייערע טעלעסקאָפּן געקוקט אויף דער קאָמעטע זיינען בשתומם געוואָרן, אַז זיי האָבּן ניט געגלויבּט זייערע אויגן.

און די קאָמעטע האָט נאָך אַלץ געלאַכט. אָט האָט זי שוין פאַרלאָרן די צווייטע טייל פון איר עֶק... און די דריטע... פּלוצלונג האָט זי אין גאַנצן געפּלאַצט... דער גאַנצער אַרומיקער רוים איז געוואָרן אָנגעפילט מיט פונקען. טלאַכע פונקען זיינען אין פאָרם פון ריזיקע שטיינער אַראָפּגעפאַלן אויף דער עֶרד. איין שטיין האָט אַריינגעטראָפן פּונקט אין קאָפּ פון דעם קלוגן מענטשן, האָט אים צעשמעטערט דעם שאַרבּן און צעבּראָכן דעם טעלעסקאָפּ.

ווען די לעצטע פונקען פון דעם דאָזיקן שרעקלאַכן פייערווערק האָבּן זיך צעשאָטן, איז פון דער קאָמעטע קיין זכר ניט געבּליבּן.

— זי האָט געפּלאַצט פון גאווה, האָט געזאָגט די עֶרד. — אַ שאָד, וואָס זי איז געשטאָרבּן איידער

זי האָט מיר באַוויזן צו דערציילן, וואָס זי האָט געזען אויף איר ווייטער רייזע.

— יאָ, דאַן וואָלט איר זיך כאָטש פון עפּעס דערוואוסט, האָט געזאָגט די לבנה און איר פנים האָט זיך צעשמאָלצן אין אַ ברייטן אָפּלאַכנדיקן שמייכל נאָר—די ערד האָט אויסגעשריען מיט גרימצאָרן:

— דו, האַלט ס׳מויל, חצופה איינע! טו דיין זאַך! דרייצן מאָל דאַרפסטו אַרומגיין אַרום מיר, אין דער צייט, וואָס איך מאַך איין אומדרייאונג אַרום דער זון. אויב ניט, וועט אַרויסקומען אַ פּלאָנטער אין לוח!



# פארלאג „קולטור-ליגע"
## ביאליסטאק.

1. כּללים וועגן נײַעם אויסלײג.
2. קרילאָווס משלים איבערזעצט—פּ. קאַפּלאַן.
3. די שנײ מלכּה—י. פּאַט.
4. בײַם סטאָלער— „
5. מאַיאָ— „
6. מאַרגאַריטקע—אַנדערסן.
7. וואָס דער צימער דערציילט —פּ. אַוועגאַריוס.
8. אַ דין תּורה מיט אַ קלאָץ—י. רובין.
9. דער האַרבסט ווינט אויף דער רײַזע—ס. ריינהיימער
10. וועגן אַ קאַץ וואָס האָט אַליין געמאַכט אירע שפּאַצירן—ר. קיפּלינג.
11. געאָמעטריע—מ. זאַבלודאָווסקי.
12. וועגן ים און יבשה—י. נאָוואָגרודסקי.
13. ווי אַזוי איז געשריבן געוואָרן דער ערשטער בריוו—ר. קיפּלינג.
14. די איינוואוינער פון די ימים—י. נאָוואָגרודסקי.
15. די בינען-מלכּה— ק. עוואַלד.
16. דער באָטשאַן און דער רעגנוואָרים „
17. דער היישעריק— „